צו מיין טייערן
פריינט און חבר
אהרן ראָזמאַרין

## ביכער פון אהרן ניסענזאָן


הונדערט לידער, 1920

מעטעאָרן (לידער), 1925

דאָס לעבן וויל אַ מעשה הערן (לידער), 1930

דער וועג צו מענטש (דראַמאַטישע פּאָעמע), 1934

דאָס צוגעזאָגטע לאַנד (דראַמאַטישע פּאָעמע), 1937

דאָס לעבן זינגט אפילו אין טויט (לידער), 1943

אין צדיקס טריט (לידער), 1950

# אינהאַלט

# אין צדיקס טריט

אין צייטן, ווען געמיינסטע נידערטרעכטיקייט,
באַקרוינט מיט חניפה־שטויב, פאַרפאָלגט דעם צדיקס טריט,
האָב איך צו זיך געזאָגט: פאַרצווייפל ניט,
ס'איז דאָ, ס'וועט אויפגיין, אויפלויכטן גערעכטיקייט.

די רשעות בליט נאָר צייטווייליק, ווי צוויט,
און פאַלט אין צייט אַרונטער אין אָנמעכטיקייט;
דער רשע גראָבט זיין גרוב אין וואוילטאָג פון דער שלעכטיקייט, —
נאָר דאָס געזאַנג פון צדיק אייביק בליט.

איז וואויל צו דעם, וואָס אין זיין שווער געמיט
האָט ניט געלעסטערט און האָט ניט פאַרבראָכן,
נאָר האָט עקשנותדיק געפאָלגט אין צדיקס טריט,
און שוין מיט דעם אַליין פאַרזיכערט דעם נצחון.
עס לויבט דיך, גאָט, און זינגט צו דיר אַיעדער אבר:
דער רשע גראָבט און פאַלט אַליין אַריין אין קבר.

א ה ר ן   נ י ס ע נ ז אָ ן

# יום שכולו טוב

זינג, ערד, אויף מיט לונגען מיט פולע,
עס קומט אַ טאָג פון לויטער גוט;
דאָס גרויסע געוויין פונעם בלוט
האָט זיך דערווײנט ביז צו דער גאולה.

עס לעבט נאָך חיב אין מענטשנס געמיט,
נאָר דאָס האַרץ זײנס טוט זכאי באַגערן;
דאָס אויער פון צדיק טוט הערן
דעם אָנזאָג פון הייליקע טריט.

איז וואויל צו אייך, ליכטיקע דורות
פון פריערס פון אַלע ביז היינט;
איר ,האָט מיט די לייבער־מנורות
די נאַכט פון געשיכטע באַשיינט,
באַלויכטן דעם וועג ביז צום סוף, —
ביז צום טאָג שכולו טוב.

# דיינע צוויי מתנות

אַיעדער טאָג דערציילט פון דיינע וואונדער,
אַיעדער נאַכט דיין ליכטיקייט צעשטערנט;
ווי ערשטער מענטש, דיין לשון טו איך הערן,
איך, דער אַלץ־וויסער פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

איך גיי צו דיר דורך וועגעלעך און וועגן,
מיט דיינע צוויי מתנות — טויט און לעבן,
און דאַנק דיר, ווייל דו האָסט זיי מיר געגעבן
צו שפּיגלען זיך איןביידע דיר אַנטקעגן.

כ'טו תפילה אַלע טאָג און אַלע נאַכט,
ווייל אַלץ מיין טאָן איז צו דיין נאָמען תפילה;
אַז איך פאַרגעס אַמאָל זיך אין אַ זייט אפילו,
איז טו איך עס, ווייל דו האָסט עס אַזוי פאַרטראַכט.

איך ווייס אָבער: עס קומט אַ טאָג אָדער אַ נאַכט,
וועסטו דיין פנים אויפוויקלען פאַר מיר אין גאָר דיין פּראַכט.

אהרן ניסענזאָן

# וואונדער

וואו נאָר דו גיסט אַ קער זיך — לויטער וואונדער,
וואו נאָר דו גיסט אַ ווענד זיך — לויכט אויף דאָס פּנים זיין;
פון סאַמע מיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט
זאָג איך: נעם אָן מיט ליבשאַפט די גאַנצע גרויל און פּיין.

דאָס איז די פאָרשפּיל צום פּשוטסטן און עכטן,
צו חסד, רחמים, יושר — צו דעם מענטש;
דאָס לעבן גיב אַוועק פאַר דעם גערעכטן,
דעם אייביק־לעבעדיקן פאַר דער זכיה בענטש.

ניטאָ קיין אַנדער זין, ווי דער גערעכטער קרבן,
ס׳גייט גאָר די ליבשאַפט אויף אין רגע פון דער טאַט:
די גרענעץ פון געלעבט און פון געשטאָרבן
ווערט אָפּגעווישט — ווי רגעס אויף אַ ציפערבלאַט.

האָב ליב — דאָס איז דער זין פון אַלע זינען;
אָט דאָ וועסטו דעם סוד דעם אייביקן געפינען.

א י ן  צ ד י ק ס  ט ר י ט

# אויף אייביק אייביק

ביזט מיינער, גאָט, אויף אייביק האָב איך זיך מיט דיר פאַרבונדן,
ווייל דו ביזט אייביקייט, און איך בין אייביק אויך;
אַז ס׳ווערט דאָס עפּרדיקע מיינס אפילו פון דער ערד פאַרשוואונדן,
בלייבט תמצית מיינער אין דער טיף און אין דער הויך.

ס׳ווערט גאָרנישט אויס, אַלץ לעבעדיקס בלייבט לעבן,
כאָטש איך האָב איינגעטיילט די וועלט אין לעב און שטאַרב;
כ׳האָב דאָס פון דיינעט וועגן בלויז אַ צייכן זיך געגעבן,
נאָר אין דער אמתן איז בייט איך נאָר די פאַרב.

דעריבער נעם איך אָן דיין סדר און דיין גאַנג,
און זאָג מיט נחום גמזו: ס׳איז צום גוטן;
ס׳איז וואונדערלעך אי דאָס געוויין אי דאָס געזאַנג
וואָס צירקולירט אי טאָג אי נאַכט אין מיינע בלוטן.

און כאָטש די מעשים מיינע זיינען אָפּטמאָל שטייביק,
בין איך אָבער, ווי דו, אויף אייביק אייביק.

אהרן ניסענזאָן

# ניטאָ ווי דו

ניטאָ, ווי דו, אין גאָר דעם אוניווערז קיין אַנדערער,
קיין גלייכן ניט צו דיינע מעשים אין גאָר דער וועלט דער רונדער;
וואָס ווייס איך מער ווי רמז בלויז — איך, לעבנס וואַנדערער,
מיט אַלע מיינע שוין ביז איצט אַנטפּלעקטע וואונדער.

אַז כ׳קען דעם סוד פון לינדסטן ווינטל ניט דערקלערן,
פון קלענסטן בלעטל אויף אַ בוים דאָס אויפבליען און רייפן,
דאָס צינדן און דאָס לעשן זיך פון מינדסטן שטערן,
און קען נאָך זיך אַליין אַפילו ניט באַגרייפן.

ס׳איז דו אין וואָס ס׳ווערט אויס און דו אין אַלץ וואָס ווערט,
אין לעבן דו, און דו ביזט אויך אין שטאַרבן;
דער זייער, וואָס פאַרזייט די קערנער אין דער ערד,
ער שניידט די זאַנגען אויך און בינדט אין גאַרבן.

נאָר וואָס דו זאָלסט ניט טאָן, כ׳וועל אייביק גלויבן:
דו וועסט מיך סוף כל סוף צו זיך דערהויבן.

איין צדיקס טריט

# ווי גוט איז מיר

ווי גוט איז מיר וואָס כ׳האָב מיט דיר אַ בונד פאַרשניטן,
האָסט אייביקייט אין מיר מיט פולער האַנט געטריפט;
כ׳האָב אַלע אָפּנויגן און אַלע וואַקלעניש אויסגעמיטן,
און אויף די כוואַליעס פון געשיכטע, ווי אַ שיף אויף וואַסערן,
צו דיר געשיפט.

געחוזקט האָבן זיי פון מיר די פעלקער־האַרן,
און האָבן פון דיין שטראַלנדיקער אומבאַנעמבאַרקייט געשפּאַסט;
נאָר איך האָב גוטמוטיק געשמייכלט: הערט, איר נאַרן,
ווער האָט געשפּאַנט און פירט אָן מיט די זעגלען אויף מיין מאַסט?

ווער האָט פאַר מיינע אויגן אויסגעשפּרייט אַזוי פיל פּראַכט?
אַזוי פיל וואונדער צו אַנטפּלעקן מיר געגעבן?
ער פירט מיך דאָרט וואו טאָג באַגעגנט זיך מיט נאַכט,
געוויין מיט פרייד, און טויט באַגעגנט זיך מיט לעבן.

פון אומעטום, פון אַלע גלייכע און פון קרומע וועגן:
איך זינג דעם מענטש דעם שטראַלנדיקן דיר אַנטקעגן.

א ה ר ן  נ י ס ע נ ז אָ ן

# וואָס קענען זיי מיר טאָן

וואָס קענען זיי מיר טאָן, די בלינדע מענטשן־קינדער,
זיי האָבן שוין געטאָן אַלץ וואָס אין זייער מאַכט:
מיין גוף געברענט, געצונדן, ווי אַ פאַקל אין דער נאַכט,
געשאָכטן מיך אין שלאַכטהויז וועלט ווי שאָף און רינדער.

גיי ברען אַ גוף וואָס טראָגט אין זיך דאָס אייביק ווערן,
גיי שעכט עס, ווען עס איז אַ כלי נאָר פֿאַר גאָטס געבאָט;
וואו איז דער מענטש וואָס קען מיט האַנט מיט אייגענער צעשטערן
דאָס וואָס באַשאַפן האָט און זיך אַריינגעפלאַנצט אין דעם האָט גאָט.

אַ פאַקל בין איך, יאָ, און ברען אויף די אַלטאַרן,
נאָר ניט כדי צו מוחל זיין דעם מענטשן זיינע זינד,
נאָר צו באַלייכטן עס פֿאַר אים אַליין, פֿאַר אויג פון קייט און קינד,
ער זאָל דעם חוזק פון זיין גאוה זען און אויפהערן זיך נאַרן.

און לויכטן וועל איך אַזוי לאַנג פון ערד ביז צו די שטערן,
ביז ס׳וועט דער מענטש, ווי דער באַשעפער זיינער, לויטער ווערן.

א י ן  צ ד י ק ס  ט ר י ט

## דער צדיק ווייס

דער צדיק נעמט די וועלט ווי גאָט האָט זי באַשאַפן,
מיט שרצים אַלערליי, מיט ערד און בוים און שטיין,
מיט חיהלעך, מיט טיגערס, לייבן, לעמפּערטן און אַפן,
מיט פליגעלעך, מיט קריכערלעך, מיט מענטש און זיין געוויין.

נאָר ווייסן ווייס ער, אַז דער וועלט דעם תיקון
דער מענטש דאַרף געבן — יצירהס גרעסטער סוד;
אין זיינע הענט די מאַכט צו אויסלייגן די בריקן
וואָס דאַרפן פירן אַלץ צו דער באַהעפטעניש מיט גאָט.

דעריבער זאָגט ער, אַז אין שלעכטס אפילו
פון רשע, איז דאָ כוונה, ווי אין דער צערטלעכקייט פון קינד;
דאָס זיינען וועגן גאָטס, און ער טוט תפילה
פאַר אים אַליין און פאַר זיין גאַנצן הויזגעזינד.

דער צדיק ווייס, עס איז די וועלט גאָטס היכל,
דעריבער נעמט ער אַלץ אָן מיט אַ שמייכל.

אהרן ניסענזאָן

# איר אַלע

איר אַלע, וואָס איר האָט געגרויסט גאָטס נאָמען
אין תפיסות, קעלערן, אויף תליות אין באַגין,
איר האָט פון אייער בלוט דאָס לעבעדיקע זאָמען
אין האַרץ פון מענטש פאַרזייט, און אויפגעבליט האָט זיך
אין אַלע שיינקייטן און אַלע סודותדיקסטע פאַרבן,
אַז ס׳אָנט די מינדסטע בריאהלע דעם וואָס און דעם וואוהין;
און כאָטש מיט צער און מיט געוויין עס ווערט באַגלייט דאָס
שטאַרבן,
דאָך זאָגט אים עפּעס אונטער אַז — איך בין, איך בין, איך בין.

אַ וואָרט איז טויט. אַלץ שטאַרבט אַריין אין ים פון אייביק לעבן,
פון אייביק זיין, אין גאָטס מיט ליכט פאַרפלייצטן אוניווערז;
די פרייד, די פּיין, דער צער, ס׳געוויין — דאָס אַלץ טוט זיך
פאַרוועבן
אין דעם געוועב פון גאָט ברוך הוא דורך טויט, דורך פאַרב,
דורך פערז.

און איר, וואָס גייט מיט אייער גוף און האַרץ דעם טויט אַנטקעגן,
איר טראָגט מיט זיך גאָטס ליכטיקייט צו לייכטן אויף די וועגן.

א י ן  צ ד י ק ס  ט ר י ט

# למה רגשו

איז וואָס־זשע האָט איר זיך אַזוי דערשראָקן,
איר דינער פון עבודה־זרה דורות לאַנג,
פאַר אַ צעפייניקט פאָלקס צעוויטיקטן געזאַנג,
און האָט אַ קלונג געטאָן אין אַלע אייערע גלאָקן.

צי קענט איר אָפּהאַלטן דאָס שטורעמען פון ים ?
צי קענט איר אָפּשטעלן די האַנט פון דער השגחה ?
דער רוקנביין פון געצנדינסט האָט איינגעבראָכן
איצט מיטן אויפקום פון ישראלדיקן עם.

די צייט האָט איצט געבערט דעם מענטשנס תקופה,
דער מענטש, דער פּשוטער, גייט אויף אין גאָר זיין פּראַכט;
דער שומר פון דער צייט זאָגט אָן דעם סוף פון נאַכט
און טוט אייך אַלעמען צו זון־אויפגאַנג איצט רופן.

טאָ קומט און הערט דאָס וואונדערליד בטחון
אַרויסזינגען פון אַ צעפייניקט פאָלקס נצחון.

אהרן ניסענזאָן

# פון טרויער פאָלקס

קומט און לאָמיר זינגען דאָס געזאַנג,
קומט און לאָמיר טרויערן דעם טרויער;
אונדזער קרבן האָט געדויערט לאַנג,
פון אַמאָל און ביז צום געטאָ־מויער.

איצט האָט צייט צו אונדז אַ קער געטון,
ס׳איז אַצינד געקומען אונדזער תקופה;
אונדזער טרויער ווערט צעשמעלצט אין זון,
צייט צו זיין איצט, אידן, בגילופין.

ווער נאָך האָט אַזוי, זינט צייט איז צייט,
וואונדערלעך געלעבט און אויך געשטאָרבן;
מיט גערעכטיקייט, די כלה, ביי דער זייט
אויפגעגלויכטן פאַר דער וועלט אין קרבן.

הערט און זעט, פאַרנעמט געשיכטעס גאַנג:
פון טרויער פאָלקס ווערט לויטער וועלט־געזאַנג.

# אַ ליגן

אַ ליגן איז די מענטשלעכע צעטיילונג
אויף גלייך און אומגלייך און אויף רייך און אָרים;
ס׳ברייגנט טויט פאַר אַלעמען די גרויסע היילונג,
פאַר מענטשן, אַזוי גוט ווי פאַרן וואָרים.

עס האָט דאָס אָבער מענטש נאָך ניט באַגריפן,
די צייטווייליקייט זיינע ניט באַנומען;
און שאַפט זיך אַלץ נאָך מעשהלעך און מיפן
וואָס רייצן און באַפרידיקן זיין גומען.

נאָר צייטנווייז הערט ער אין זיך אַ שטים
קול דממה׳יק ציטערן, אַן אומגעריכטע;
און ער הויבט צו באַנעמען אָן דעם זין,
און צו פאַרשטיין דעם גאַנג פון דער געשיכטע.

עס איז אַ טאָג אונז אַלעמען געגעבן:
ווען אויסגלייכער וועט זיין ניט טויט, נאָר לעבן.

א ה ר ן  נ י ס ע נ ז אָ ן

# אתה בחרתנו

האָסט אונדז דערווײלט צו טראָגן ליכט דער וועלט,
האָסט אונדז דערווײלט דעם מענטש צו גוטסקייט וועקן;
געלערנט אונדז פאַר גאָרניט זיך צו שרעקן,
פאַר אַלע טויט־געפאַרן אונדז אַוועקגעשטעלט.

מיר האָבן אַלע פּראָבעס אויסגעהאַלטן,
געוואָרן מיטן טויט, ווי מיט אַ מענטש, גוט־ברודער,
און קיינמאָל ניט אַרויסגעלאָזט פון האַנט דעם רודער
פון שיף, וואָס דאַרף געשיכטעס ים צעשפּאַלטן.

איז זאָגט ניט, איר אומפּאַרזיכטיקע ניט־באַנעמער:
— „קלייב אויס אַן אַנדער פאָלק אַ ווײלע אויף צו שטאַרבן" —
די זריזה זיינען מיר און אויך די רייפע גאַרבן,
און טרינקען דאַרף דער מענטש פון אונדזערע פולע עמער.

ניט לעסטערט גאָט, נאָר טוט זיין נאָמען בענטשן:
ער האָט דורך אונדז אַ בונד פאַרשניטן מיטן מענטשן.

# דער צדיק זאָגט

דער צדיק זאָגט: שטעל אָפּ זיך און באַטראַכט אַ ווייל,
און דו וועסט זען דאָס לעבן גיין צום בעסערן כסדר;
טו נאָר אַ קוק דעם גאַנג זיינעם פון איידער־איידער,
און דו וועסט זען: די פינצטערניש שניידט דורך אַ פייערזייל.

אַ זינדיקער איז דער וואָס ווערט געפּלאָגט פון צווייפל,
כאָטש צו פאַרצווייפלען איז פאַראַן אין גאָר אַ סך;
נאָר דער וואָס האָט דאָס לעבן זיינס אויף טויט געכפלט,
פאַר דעם האָט גאָר אַן אַנדער מיין דאָס לעבן און זיין שפּראַך.

ער זעט די וועלט אַ פּרוזדור נאָר צו אייגענער דערקענונג,
און וואו דער פּרוזדור ענדיקט זיך דאָרט זעט ער זיך און גאָט;
דערפאַר, פון אַלץ וואָס עס געשעט, איז טיפער זיין באַנעמונג,
ער זעט אין דער געשיכטעס גאַנג דעם אויספיר פון געבאָט.

דאָס גאַנצע בילד נעמט אָן ביי אים אַ וואונדערלעכן פּלאַן,
און אין זיין גאַנצן וועזן איז נאָר לויב, נאָר לויב פאַראַן.

אהרן ניסענזאָן

# טו אויס די מאַסקע

טו אויס די מאַסקע וואָס דאָס לעבן האָט דיר אָנגעטאָן,
און קוק אויף אים מיט אָפן האַרץ און אָפן פּנים;
אָן מורא, פרעג! שטעלסט גאַרניט איין אין קאָן;
עס וועלן דיך סיי־ווי באַרעדן דיינע שונאים.

נאָר אַז דאָס האַרץ איז אָפן און דאָס פּנים אויך,
ווערט לשון הרע ווי וואַקס אין זון צעגאַנגען;
די רשעות שווינדט, ווי אינעם ווינט דער רויך,
און ס'לויכטן פון דער טיף גאָר אַנדערע געזאַנגען.

נאָר איין זאַך האָט אַ ווערט: דאָס פּשוטע און עכטע,
נאָר דאָס אַליין קוואַלט פון יצירהס טיפן קוואַל,
און פרישט און קילט, ווי צווישן בערג אַ וואַסערפאַל;
אַלץ אַנדערס איז פאַרגענגלעך, ווי עס איז דער נעכטן.

טאָ זיי דאָס וואָס דו דאַרפסט, אָן שרעק און מורא בלינדער,
אויב ווילסט זיך מיט דער אייביקייט פון גאָט פאַרבינדן.

א י ן  צ ד י ק ס  ט ר י ט

# פון דור צו דור

דאָס איז געווען אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט פון דעם קריסט,
ספּעציפֿישער: אין פֿינפֿטן צענדליק פֿון צוואַנציקסטן יאָר־
הונדערט;
געשטאַנען איז דער מענטש געפּלעפֿט און זיך אַליין באַוואונדערט:
ווי ער האָט דאָס אַ וועלט געמאַכט פֿון גאָרנישט און פֿון וויסט.

ער האָט דאָך שוין כמעט אַנטפּלעקט אָט־אָט דעם גרויסן סוד,
אָט נאָך אַ שפּאַן, און ער קלאַפּט אָן אין טיר פֿון טויט און לעבן;
זאָל נאָר דער וואָס לעבט אייביק אים נאָך עטוואָס כח געבן,
און ער איז גרייט פֿאַרמעסטן זיך אויף ווער־איז־ווער מיט גאָט.

אין אָט דער צייט פֿון קאַלענדאַר האָט זיך אַזוינס פֿאַרלאָפֿן:
ס׳האָט מענטש אַ לעבעדיקן מענטש אין גאַז־אויוון געברענט;
און כאָטש דער צינדער האָט אין סאַמע האַרץ דער וועלטס
געטראָפֿן,
האָט אָבער מענטש, אַז ווי און ווינד, זיין ברודער ניט דערקענט.

פֿאַרגעסט זיי ניט אויף איין מינוט די תקופה און דאָס יאָר,
און מיט דער מאַמעס מילך גיט איבער דאָס פֿון דור צו דור.

אהרן גיסענזאָן

# ניטאָ קיין אַנדער

ניטאָ קיין אַנדער ליד ווי דאָס געזאַנג פון לעבן,
אַיעדער מינדסטער שטויבעלע פון דעם איז נאָר געזאַנג;
עס זינגט דער קערן אין דער ערד און ס'זינגט די רייפע זאַנג,
אַלץ טוט זיך נאָר מיטן געוועב פון אייביקייט פאַרוועבן.

ס'איז צייטווייליק די פיין, דער צער פאַראורזאַכט פונעם מענטשן,
די רשעות וועלכע ער באַגייט, דער טויט אַליין אפילו;
פאַר זיין נאָך בלינדן ניט באַגרייפן טוט דער צדיק תפילה,
און אים וואָס זעט און וואָס פאַרשטייט, אים טוט ער צען מאָל בענטשן.

דעריבער, לעב דאָס לעבן דיינס אין פשטות און אין עכטקייט,
זאָל יעדער רגע דיינע זיין דער אייביקייט צושטייער,
און קום אַרויס געלייטערט, ווי עס טוט דאָס גאָלד פון פייער,
מיט רחמים אַ באַזעלטער און באַשטראַלט פון דער גערעכטקייט.

און דאָרט, וואו נאָר דעם אמת ווערט אַ קלאַפּ פון טויט געגעבן,
זאָלסטו זיך איינשטעלן פאַר אים אפילו מיטן לעבן.

# די וועגן גאָטס

די וועגן גאָטס זיינען פאַרהוילענע און שטילע,
און יעדערער פאַר זיך דאַרף אויסגעפינען ווי אויף זיי צו גיין;
אויף יעדן וועג ליגט צער, ליגט פּיין, ליגט פרייד און ס׳ליגט
גערווין,
מיט טומל איינער גייט אויף אים, אַ צווייטער גייט דורך תּפילה.

וואו פירן זיי די וועגן, וואו? אָן דאָרטן, דאָרטן, דאָרטן, — —
וואו ס׳ווערט די פינצטערניש פון טויט באַהעלט פון וואָרים ליכט;
דערוויילע, ווי פאַר אַ שיף אין ים, באַוויזט זיך אומגעריכט
אַ גאָלדיק פייערל פון ווייט, וואָס זאָגט אָן נייעם באָרטן.

דער אופן ווי מען גייט דעם וועג, אָט דאָס מיין מענטש איז
וויכטיק,
צו טראָגן גאָט אַ האַרץ אַ ריינס און גוטע, ריינע מעשים:
אַז יעדער טאָט זאָל ווייס זיין, ווי עס איז אַ לאָם אַ ווייסע,
און ברייגגען קרבן ווען מען דאַרף, ווייל ס׳ווערט פון קרבן
ליכטיק.

און אויב דו גייסט אַזוי דעם וועג, כאָטש ס׳איז פאַרזייט מיט
וואונדן,
וועט אייביק מיט דעם וועלט־געדאַנק דיין נאָמען זיין פאַרבונדן.

אהרן ניסענזאָן

# גענוג

גענוג צו פילן אַ קילן בלאָז פון ווינט,
אַ שטראַל פון זון, אַ טראָפּן פונעם רעגן,
דאָס אומשולדיקע שמייכל פון אַ קינד,
ווי פרישן טאָגליכט קומען דיר אַנטקעגן,
צו וויסן, אַז דער טומל פון דער וועלט,
פון שטאָט, פון גאַס, די רייד פון דיינע שונאים,
איז נישטיק, ווי דער פוסטער קלאַנג פון געלט,
און שווינדן פאַר דיין אָפן האַרץ און פנים.

איז לעב דאָס לעבן ווי דאָס האַרץ באַפעלט,
און ווי עס ווייזט דיר אָן דער גראַדער שכל;
און אַלדאָס בייזע פון דער דרויסנדיקער וועלט
נעם אָן, ווי ס'טוט דער צדיק, מיט אַ שמייכל.

וועסט נאָר אַזוי דער וועלט צושטייער געבן,
און העלפן שענער מאַכן מענטש און לעבן.

# פאַראַנעןטעג

פאַראַנעןטעג, וואָס לייגן זיך אַוועק
ווי שווערע שטיקער בליי אויף דיין געמיט און לעבן,
און האָבן ניט קיין אַנדער זאַך פאַר דיר צו געבן
ווי עגמת נפש, אומרו, האַרצווייטיק און שרעק.

נאָר אַז דו ווענדסט דעם גראַדן שכל אָן
און נעמסט די טעג און קוקסט זיי גלייך אין פּנים,
דערזעסטו: קנאה, שלעכטס און גראָבע רייד פון שונאים;
און וואָס איז דאָ אַנטקעגן דעם צו טאָן?

דערמאָנסטו זיך: עס האָט געלעבט אַ מענטש,
געהייסן האָט ער איוב, לאַנג צוריק מיט יאָרן,
און כאָטש ער איז גאָר האַרב פון גאָט באַשטראָפט געוואָרן,
האָט ער צו אים געטענהט, אָבער מיט געבענטש.

און ווייל געווען איז אָפן ס'האַרץ זיינס און ס'געזיכט,
איז ער צוריק געוואָרן אין לעבן אויפגעריכט.

א ה ר ן  נ י ס ע נ ז אָ ן

# קענסט ניט פריי זיין

אַז וואָס דו זאָלסט ניט טאָן און וואו דו זאָלסט ניט גיין,
פון זיך אַליין וועסטו אין ערגעץ ניט אַנטלויפן;
פון אָרימע און אומגליקלעכע דאָס געוויין
וועט נאָכגיין דיר אין אַלע ווינקעלעך, אויף אַלע הויפן.

דאָס לעבן דאַרף זיין גוט און וואויל און פיין,
אַזוי האָט גאָט געוואָלט ווען ער האָט מענטש באַשאַפן;
איז דאָרט וואו ס׳איז דאָ צער, און דאָרט וואו ס׳איז דאָ פיין,
העלף לינדערן, העלף פריי צו מאַכן שקלאַפן.

קענסט פריי ניט זיין, כל זמן איין מענטש טוט ליידן;
דיין פרייד איז ניט קיין פרייד, אויב ס׳וויינט אַ מענטש אין צער;
ביסט טייל פון כלל און קענסט דיין גורל ניט פאַרמיידן,
טו וואָס מען דאַרף, און וועסט באַלוינט ווערן דערפאַר.

דאָס העכסטע גליק איז גוטס צו טאָן דעם מענטשן,
ס׳וועט גאָט אַליין און אַלץ וואָס לעבט מיט דיר זיך בענטשן.

# דער צדיק זאָגט

דער צדיק זאָגט: פאַרזאַם אַ ווײַלע און באַטראַכט
ווי ס'בויט דאָס מינדסטע קערנדל צו זון אַ בריק
דורך בלעטעלעך, וואָס עס שיקט אַרויס צו לעבן און צו גליק,
און הערט ניט אויף צו נישטערן אין ליכט פון טאָג, בײַנאַכט.

דאָס מינדסטע פליגעלע, אַ מילב די גרויס און קלענער,
לויפט אום, יאָגט אום, קריכט אום, ווי פון אַ האַנט געטריבן,
ווי ערגעץ וואָלט געוועזן אין וואָרט און שריפט פאַרשריבן:
פאַראַן אַ צײַט און אָרט וואו בעסער איז און שענער.

אַ פשיטא שוין דער מענטש, וואָס טראַכט, וואָס זעט, וואָס בויט,
וואָס מיינט אָפּטמאָל, אַז ער איז גאָט אַליין אפילו,
און נעמט דאָס רעכט פאַר זיך אויף אויסצעטיילן טויט,
כאָטש ער באַגלייט עס מיט באַרעכטיקונג און תפילה.

דער צדיק אָבער זאָגט: אויב קענסט ניט שאַפן לעבן,
טאָרסטו דעם טויט אַ פליגעלע אפילו אויך ניט געבן.

א ה ר ן  נ י ס ע נ ז אָ ן

# וואָס ווילסטו, גאָט

וואָס ווילסטו גאָט, פון מיר, האָסט איינגעפלאַנצט אַ בייגקשאַפט
ביי מיר אין בלוט, און ס׳טרייבט און לאָזט ניט לעבן,
און אַ נשמה מיר און מיר אַ האַרץ געגעבן,
און מיך אַריינגעזעצט אין ראַמען פון אַן איינגשאַפט.

צו אַנען בלויז געלאָזט, נאָר ניט אויף צו באַנעמען,
צו רייסן זיך, און אפשר קיינמאָל ניט דערגרייכן;
צינד אָן אַ פייערל, ווינק אָן, באַווייז אַ צייכן:
וואו גיי איך און ווי ווייט? וואוהין? צו וועמען?

פאַרוואָס זיינען די מעשים מיינע וואָס זיי זיינען?
פאַרוואָס אַזוי פיל שלעכטס, פאַרדאָרבנקייט און שנאה?
פאַר יעדער ברעקל ערד אַזוי פיל קאַמף און קנאה,
פאַר יעדער טראָפּן ליכט אַזוי פיל וויי און פיינען?

איז אפשר דאָס דער וועג צו קענען דיך און אַנען?
אויב יאָ, וועל איך אויף אים, ווי ביז איצט, ווייטער שפּאַנען.

# עס טרעפט אַ טאָג

עס טרעפט אַ טאָג מיט אַזאַ פינצטערן געמיט,
ווען ס'דאַכט זיך דיר, אַז גאָר די וועלט גייט אונטער;
דו פאַלסט, אין גאָר דיין ניכטערקייט, אונטער זיין יאָך אַרונטער
און לאָזסט ניט ווילנדיק זיך גיין נאָך זיינע טריט.

וואו נאָר דו טוסט אַ קער זיך, זעסטו הערשן רשעות,
אייגנהאַרציקייט פירט אָן מיט לעבן און מיט וועלט;
ס'איז דאַכט זיך דאָ די זון, נאָר ווער האָט זי פאַרשטעלט?
זעסט מויל פון עקדישן, הערסט שלאַנגען צישען.

נאָר אָט ליגט אויף דיין טיש אַ טעגלעך בלאַט
מיט נייס פון טאָג, און מישן בעמסט די זייטן;
און אָט באַגעגנסטו: אַז אויך אין אונדזערע צייטן
פאַראַן איז גוטסקייט נאָך, דערציילט ווערט אַקוראַט.

און ס'לויפן דיך פאַרביי נאָך גוטסקייטן פון יאָרן,
און טראַכסט ביי זיך: ס'איז נאָך ניט אַלץ פאַרלאָרן.

א ה ר ן  נ י ס ע נ ז אָ ן

# איך וויל קיין טובות ניט

איך וויל קיין טובות ניט פון מענטשן,
כ׳בעט טובות נאָר ביי גאָט אַליין;
כ׳טו תפילה טאָן צו אים און בענטשן,
צו אים נאָר שיק איך מיין געוויין.

ער הערט, ניט היינט, איז הערט ער מאָרגן,
נאָר הערן הערט ער סוף כל סוף;
און שיקט אַ לייזונג צו די זאָרגן,
בעת איך וואַך, צי ווען איך שלאָף.

אַ מענטש אָבער, אַז ער טוט וועמען
אַ טובה, ווייסן גאָט און לייט;
ער טוט אי דיך אי זיך פאַרשעמען,
און עס האָט ניט קיין שום באַדייט.

ווילסט גוטס טאָן, טו עס פראַנק און פריי,
און ס׳גאַנצע האַרץ זאָל זיין דערביי.

# ניטאָ

ניטאָ בלויז וואָלקנדיקע טעג און רעגן,
די זון איז שטענדיק דאָ, הגם מען זעט זי ניט;
עס ווענדט זיך נאָר אין אייגענעם געמיט
און ווי מען גייט מיט אים דער וועלט אַנטקעגן.

ס'איז דאָ אַ זון וואָס לויכט אַרויס פון האַרץ
און טוט, ווי דימענט גלאָז, די דיקסטע חשכות שניידן;
עס קען די גרעסטע אומגליקן פאַרמיידן,
אין ווייס פאַרוואַנדלען וואָס געווען איז שוואַרץ.

געפין אַ זכות, פאַרמשפט ניט פון אויבן,
אַהינטער יעדער שלעכטס אַ קערן גוטס מוז זיין,
טאָ זוך עס אויס, באַלייכט עס מיט דיין שיין,
און כאָוועַ עס, און שטעק עס אָן מיט גלויבן.

און אַז דו ברייגנסט אַיין נפש נאָר צו גלויבנס האָפן,
איז ווי דו וואָלסט אַ גאַנצע וועלט באַשאַפן.

א ה ר ן  נ י ס ע נ ז אָ ן

# ס׳איז ניט גענוג

ס׳איז ניט גענוג כוונות גוטע בלויז צו האָבן,
דאָס קען איעדערער, אפילו דער צבועק,
וואָס טראָגט זיי, די כוונות, ווי אַ פּראַק,
און היט זיך אויס געשטעלט ווערן צו פּראָבן.

כוונות נאָר אַליין, זיינען ווי שטויב אין ווינט,
און זייער אָפּט נאָך ווינציקער ווי דאָס אַפילו;
ס׳איז ניט גענוג צו פּרעפּלען מיט די ליפּן תפילה,
צו קרעכצן אויף דעם צער פון אָרימאַן און קינד.

גיי העלף, גיי טו, ווי שווער דאָס זאָל ניט זיין,
אַוואו דו זעסט נאָר ווייטיקן, גיי לינדער;
און וואו דו זעסט נאָר צער, און וואו דו זעסט נאָר פּיין,
ברייגג פרייד אַריין אי פאַר דערוואַקסענע, אי קינדער.

וועסט נאָר אַזוי דיין חלק ביייטראָגן צום לעבן,
און די באַלוינונג וועט דיין אייגן האַרץ דיר געבן.

# אָ, קליינטשינקע פון גייסט

אָ, קליינטשינקע פון גייסט, אָ, ליליפּוטלעך!
וואָס קענען ניט זען ווייטער פון דער נאָז,
און ווי נאָר ס׳טוט אַ קאַלטער ווינט אַ בלאָז,
אַזוי נעמען זיי קרעכצן: ס׳איז ניט גוטלעך!

זיי בייטן אַלצדינג נאָר אויף קליינגעלט אויס,
און ווילן אייך פאַרקויפן טאַטן־מאַמען,
דאָס פאָלק, זיין גאָט, זיין גלויבן, אַלץ צוזאַמען,
אפילו ליבשאַפט אויך פון זייער אייגן הויז.

פאַר זיי האָט בלויז אַ ווערט דאָס ביסל מאַכט,
און מיט דעם גייט, פאַרשטייט זיך, געלט און כבוד;
זיי פרעסן עס בייטאָג, און זויפן עס אין אָוונט,
און חלומען ניט פון קיין אַנדער זאַך באַנאַכט.

צו זיין אַזוי ווי זיי, ווער וויל עס און ווער קאָן עס;
באמת, ס׳איז אויף זיי אַ ביטערער רחמנות.

א ה ר ן  נ י ס ע נ ז אָ ן

# זיי קענען ניט

זיי ווילן אַנדערש זיין און קענען ניט ?
ניין, ניט זיי קענען זיין און ניט זיי ווילן ;
און וואָלטן זיי פון דעם אַ טראַכט געטאָן אפילו,
וואָלט זיי דאָס ניט דערלאָזט זייער געמיט.

וואָרום זיי זעען אַלץ אין אַנדערע פאַרבן,
און נעמען ס׳געלע גאָלד פאַר זון אַליין ;
פאַר זיי איז פרעמד דאָס עכטע, האַרציקע געוויין,
זיי טראַכטן קיינמאָל ניט פון אַזאַ זאַך ווי שטאַרבן.

דאָס זיינען מענטשן פון אַן אַנדער קלאַן,
וואָס מיינען : זיי באַהערשן טויט און לעבן ;
און אויב דו ווילסט ניט גיין נאָך זיי אין שפאַן,
איז וועלן זיי דיר אַלע מיתות געבן.

און טרעפן זיי אַמאָל אַזאַ אַן ווענען,
איז קענען זיי דאָס בשום אופן ניט באַנעמען.

אין צדיקס טריט

# זיי מיינען

זיי מיינען, אַז דער גאַנצער זין איז נאָר
צו שלאָפן מיט די ווייבער, האָבן קינדער,
פאַרגרעסערן די צאָל פון שאָף און רינדער,
און עושר זיך צו ועלטערן פון יאָר צו יאָר.

ס'איז עפּעס אויך זיי ניט אינגאַנצן קלאָר,
אַז עפּעס דאַרף מען אויך פאַר גאָט פאַרשפאָרן;
איז מילא, נו, איז קומען זיי צופאָרן
אין טעמפּל גאָטס אַ פּאָר מאָל דורכן יאָר.

נאָר אַז זיי הערן, אַז דאָ און דאָרטן האָט
אַ מענטש דאָס ליכט דערזען, וואָס איז געווען אַ בלינדער,
און אָנגעהויבן רעדן פון אַן אַנדער גאָט, —
איז לויפן זיי אַהיים, באַהאַלטן אויס די קינדער.

ווייל ווייסן, ווייסן זיי, און פילן אָפטמאָל אויך:
אַז ס'קען דער גאַנצער זין אַוועקגיין מיטן רויך.

א ה ר ן   ג י ס ע נ ז אָ ן

# היט זיך

גאָט טוט אומזיסט ניט קיינעם שטראָפֿן,
ס׳מוז זיין פֿאַר וואָס און זיין פֿאַר ווען;
גאָטס אויג די קלענסטע זינד טוט זען,
ס׳ליגט האַרץ און מח פֿאַר אים אָפֿן.

צי איז עס יחיד, צי ס׳איז עם,
גאָט וויל אים זען אין צדקס וועגן;
ווייל אַנדערש קענען זון און רעגן
ניט בענטשן שעפעריש זיין שטאַם.

און זאָגסטו צו, לאָז צוזאָג אַרבן
די קינדער דיינע טאָג און נאַכט;
אַניט, וועט זיין די שטראָף פיל האַרבער
ווי וואָלסט דעם צוזאָג ניט געמאַכט.

טאָ היט זיך גאָט און מענטש צו נאַרן,
און וועסט פֿאַרהיט זיין פֿון געפֿאַרן.

# זיי טריי

זיי טריי צו זיך, און וועסט צו מענטש זיין טריי,
און אַז צו מענטש, איז שוין צו גאָט אַוודאי;
וועסט קענען קוקן אָפן, פראַנק און פריי
אין פנים פון אַיעדן מענטש, אַ ליאַדע.

און כאָטש מען וועט דיר נאָכוואַרפן אַ שטיין
פאַר דיינע בעסטע, מענטשלעכסטע כוונות;
וועסטו אָבער כאָטש וויסן, אַז דיין האַרץ איז ריין,
און וועסט ניט צערנען, נאָר אויסדריקן רחמנות.

ווייל וויסן דאַרפסטו: עס מאַכט די רשעות בלינד,
און טוט דעם שכל און דאָס האַרץ פאַרצערן;
דאָס אויג זעט מעשים שוואַרצע נאָר ווי טינט,
דאָס אויער טוט נאָר ווערטער פאַלשע הערן.

נאָר ליבער איז פון זיי פאַרשטיינט צו ווערן,
איידער אַ לויבגעזאַנג פון זיי צו הערן.

אהרן ניסענזאָן

# ס׳מעסט יעדערער

ס׳מעסט יעדערער די וועלט נאָך זיך אַליין,
און אָט אַזוי נאָר משפּט ער דאָס לעבן;
עס ווענדט זיך נאָר וואָס ס׳לעבן טוט אים געבן:
צי פרייד און גליק, צי טרויער און געוויין.

דער צדיק זאָגט: ניט מעסט די וועלט אַזוי;
זיי גרייט פאַר פרייד; זיי אָבער אויך פאַר טרויער;
דאַנק גאָט פאַר קינד און פאַר דיין גוטער פרוי,
און צו גערעכטיקייט געפין דעם טויער.

די טעג פון לעבן זיינען קליין אין צאָל,
און אַלץ וועסטו אַריינכאַפּן ניט קאָנען;
טאָ טו אַזוינס, אַז אימיצער, אַמאָל
זאָל האָבן וואָס צום גוטן צו דערמאָנען.

און אַז דו וועסט אַזוי דיין לעבן לעבן,
האָסטו דער וועלט וואָס דו פאַרמאָגסט געגעבן.

א י ן צ ד י ק ס ט ר י ט

# ניט מיינט

ניט מיינט, אַז מ׳קען נאַרן גאָט און וועלט,
מ׳קען אפילו זיך אַליין ניט נאַרן;
איר מיינט נאָר, אַז איר היט זיך פון געפאַרן;
דער אמת איז, אַז איר זייט צו זיי אויסגעשטעלט

אַיעדער שעה פון טאָג; אַיעדער רגע
קען ברייגנגען אומגליק פונקט אַזוי ווי גליק;
איר דאַרפט אָבער זיין גרייט צו זיין די בריק
אַריבער וועלכער ס׳שפּאַנט אי גוטס, אי פּגע.

פאַר גוטס באַדאַנקט, נעמט פּגע אָן אָן צאָרן;
מסתּם זייט איר באַגאַנגען ערגעץ זינד;
ביים גרויסן לערנט זיך, און לערנט זיך ביים קינד,
זיפּט דורך דעם גאַנג פון אַלע אייערע יאָרן.

איר וועט אַזוי זיך האַרצווייטיק פאַרשפּאָרן,
און ס׳וועט פאַר אייך די וועלט און ס׳לעבן קלאָרן.

אהרן ניסענזאָן

# דער צדיק זאָגט

דאָס לעבן איז געגליכן צו אַ פרוי:
מ׳דאַרף וויסן גוט דאָס ווי אַזוי צו נעמען,
אַזוי אַז מ׳זאָל דאָ קיינעם ניט פאַרשעמען,
נאָר זיין אַזוי, ווי ס׳איז פאַר גראָז דער טוי.

ס׳איז דאָ אַ פרייד, די גרעסטע פרייד אין לעבן;
ס׳איז: גוטס צו טאָן, אפילו ווען מען דאַרף
דערפאַר אַדורכגיין שניט פון מעסער־שאַרף, —
קיין אַנדער פרייד האָט ס׳לעבן ניט צו געבן.

און אפשר איז די פרייד נאָך פריידיקער דערמיט
וואָס טוסט די טאַט, ווען מ׳וויל דאָס ניט אפילו;
זי קומט פון דיר אַרויס ווי דורכזיכטיקע תפילה,
וואָס רייניקט אויס און לויטערט דאָס געמיט.

און כאָטש עס ווען דיך באַרעדן מענטשן,
וועט דיך אָבער אַליין דאָס לעבן בענטשן.

# ניט זאָג

ניט זאָג, אַז ס׳וועט די וועלט ניט בעסער,
אַז מענטש איז אויסגעזעצט צו זינד,
אַז ס׳לעבן איז פֿאַר אים אַ מעסער
אַ שאַרפֿער אין דער האַנט פֿון קינד.

פֿון טאָג צו טאָג, און יעדער רגע
גייט מענטש און וועלט צו גאָט אין שפּאַן
מיט אַלע חושים אים באַגעגענען,
ווי ס׳גייט דאָס אינגל צו דעם מאַן.

ער גייט מיט גוטס, צו אָפֿט מיט שלעכטן,
נאָר ס׳איז אַלצאיינס דער גאַנג צו גאָט;
דאָס האַרץ זיינס רייסט זיך צום גערעכטן,
און גיי דערקלער וואו ס׳ליגט דער סוד,
פֿאַרוואָס דערקענען אים נעמט לאַנג, —
ניט פֿרעג, דער סוד ליגט אינעם גאַנג.

א ה ר ן נ י ס ע נ ז אָ ן

# עס ווענדט זיך

עס ווענדט זיך, ווי דו גייסט אַנטקעגן
דעם אומבאַוואוסטן זין און ציל;
צי גיסטו זיך אַוועק, ווי רעגן,
צי איז דאָס דיר אַ בייזע שפּיל
וואָס דאַרפסט ביי עמיצן געווינען,
און ווייסט ניט ווער דער עמיץ איז;
און שיינקסט אַוועק דיין האַרץ און זינען
כאָטש אויף אַ ווילע, אַ קאַפּריז.

זיי ווייסן: ס'איז דאָ וואָס און ווע מען,
עס לעבט אין האַרץ דיינס און דיין בלוט;
ניט נויטיק אָנצורופן נעמען,
נאָר וואָס מען אין די נעמען טוט.

ווילסט ווייסן וואו ס'איז ווייס, וואו שוואַרץ, —
פאָלג קיינעם ניט, פאָלג נאָר דיין האַרץ.

אין צדיקס טריט

# אַלץ גייט צום קוואַל

אַלץ גייט צום קוואַל וואו ס׳ליגן אַלע סופן
און אַלע אָנהייבן אין אייביקן געפּאָרן ;
וואו ס׳ווערט פון יאָרן צייט, פון צייט ווערט יאָרן,
פון צווייפל — גלויבן, פון חושך — ליכט, פון טרויער — האָפן.

נעם הויב זיך אויף און גיי אַרויס אין אַ באַגינען,
וואָס זעסטו? ווי ס׳באַגעגענען זיך טאָג מיט נאַכט ;
יצירה שלאָפט, נאָר הערסט אויך ווי עס וואַכט,
און עס גייט אויף פאַר דיר דער גאַנצער זינען.

דערפילסט : דאָס לעבן פון דעם ערשטן מענטש ביז איצט,
פון פלאַנץ, פון בוים, פון ווערימל, פון פליגל,
גייט אויף אין דיר, ווי ס׳טוט דיין אייגענער געשטאַלט אין שפיגל,
און עפּעס שניידט אַדורך דיין מח ווי אַ בליץ.

עס ווערט דיר קלאָר : אַלץ לעבט און אָטעמט און באַוועגט זיך
אייביק,
ווערסט קינד און זקן אויף אַמאָל, און ווי זיי ביידע — גלייביק.

אהרן ניסענזאָן

# אויף אַלע וועגן

אויף אַלע וועגן גאָטס דאָס לעבן זינגט,
לייג צו דאָס אויער און דו וועסט עס הערן;
צי איז דאָס מענטש צי זון, צי איז דאָס שטויב צי שטערן,
דער תוך און זין — פון אַלץ און אַלעם דרינגט.

ניטאָ וואָס צווייפלען און וואָס איבערקלערן,
ס'איז יעדער איבערקלער און צווייפל — זינד;
עס איז נאָך מענטש אין סטאַדיע פון קינד
וואָס האַלט נאָך אין אַנטוויקלען זיך און ווערן.

נעם דאָס געשיכטע־בוך און לייען בלאַט נאָך בלאַט,
און פאָלג אים נאָך קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל,
און דו וועסט זען זיין וואַקסן אַקוראַט,
באַנוצנדיק צי דעם צי יענעם מיטל.

און אויב ער זעט ניט קלאָר, איז אָנט ער אים, דעם צייכן:
ער שפּאַנט דעם וועג צו זיך און ווערט עס גרייכן.

# זיי מענטש

דער מענטש, כל זמן ער לעבט, טעותים מאַכט,
ער דאַרף אָבער פון יעדן טעות לערנען;
זען זאַכן קלאָר און רואיק און ניט צערנען,
און אַלץ זאָל ווערן דורכגעפּילט און דורכגעטראַכט.

ס׳מאַכט צאָרן בלינד, טעמפּט אָפּ דאָס האַרץ און מח,
און פירט אין כף הקלע פון געמיט;
עס ווערן ווי אין זאַמד צערונען זיינע טריט,
און אַלע זיינע מעשים — ווי אַ שלעכטער ריח.

פאַרקערט אָבער, אַ מענטש וואָס פּילט און טראַכט,
און זעט דעם טעות זיינעם און ער לערנט,
פאַר אים איז ליכטיק אפילו ביי דער נאַכט,
ער דאַרף ניט זען, ער הערט דעם גאַנג פון שטערן.

זיי מענטש, ווי מענטש דאַרף זיין, און פון טעותים לערן,
און דו וועסט העלפן אויף דער וועלט גאָטס ליכט פאַרמערן.

א ה ר ן נ י ס ע נ ז אָ ן

# כ׳בין אָנגעבונדן

כ׳בין אָנגעבונדן אָן דעם מענטש פון אַלע צייטן,
דעם מענטש פון נעכטן, ווי פון היינט, און אויך פון מאָרגן;
זיין פרייד איז מיין, זיין צער, און אַלע זיינע זאָרגן,
ס׳איז איינס מיין אָטעם מיט דעם נאָנטן און דעם ווייטן.

צי טוט ער שלעכט, צי ס׳איז זיין טאָן צום גוטן,
אַלצאיינס, איך זאָג צו אים: ביסט מענטש און איך דיין ברודער;
מיר וועלן קיינמאָל ניט אַרויסלאָזן פון האַנט דעם רודער
וואָס פירט צום ציל, אין אַלע אונדזערע שעהן און מינוטן
דאָ אויף דער ערד, וואָס גאָט האָט אונז געגעבן,
נאָר גיין פאַרעקשנטע, ווי שיפן אינעם וואַנדער
אויף ימען אויפגעשטורעמטע, ווייל ס׳איז ניטאָ קיין אַנדער
וועג, וואָס פירט צו באָרטן וואו עס בליט דאָס לעבן.

און אַז כ׳באַגעגן טויט אין וועג, איז שפּאַן איך אים אַריבער
און זינג אין ים פון צייט אַריין דאָס ליד פון מענטש — דעם גיבור.

# אַ שטראַל פון גאָט

אַ שטראַל פון גאָט לויכט דורך דאָס לעבן,
דעם טויט, און אַלץ וואָס מענטש נאָר טוט;
גאָטס אויג אויף אַלץ און אַלעם רוט,
ס׳איז צייט און אָרט פאַר אַלץ געגעבן.

עס מאַכט זיך אָפּטמאָל אַ מינוט,
ווען ס׳איז ווי טויט דאָס לעבן ביטער;
נאָר אָט טוט גאָטס אַ שטראַל אַ ציטער,
און ווידער טוט אַ זינג דאָס בלוט,

און ווידער טוט אַ בלענד דאָס לעבן,
ווי זון אין לויפנדיקן טייך,
און פילסט, ווי גוט איז זיך צו געבן
פאַר אַלץ, פאַר אַלעמען צוגלייך.

ניט זאָג: דאָס לעבן איז ניט ווערט!
דאָס לעבן בענטש און בענטש די ערד.

א ה ר ן  נ י ס ע נ ז אָ ן

## געניוג

געניוג צו זען, צו הערן, באַאָבאַכטן
ווי ס׳לעבן גייט אין אייביקייט זיין גאַנג,
דערהערן דאָס געוויין, פאַרנעמען דאָס געזאַנג,
דעם צער, די פרייד פון טאָגן און פון נאַכטן.

אין סכום פון אַט די ביידע ליגט דער זין
פון אַלץ און אַלעמען וואָס פילט אָן ס׳לעבן,
ווי אַ כלי — וואַסער, און טוט געבן
דעם אָנדייט פון דעם וויאַזוי און דעם וואוהין.

איז אַט: דאָס לעבן בויט און טוט צעשטערן;
צעשטערט, כדי צו בויען פון דאָס ניי;
דאָס לעבן מוז פון עפּעס ווערן פריי,
כדי צו קענען אָנגיין מיטן ווערן.

דאָס ווערן אויס, איז מיינט עס אויך ניט זיין?
אַנו, נעמט, טראַכט זיך גוט אין דעם אַריין.

## ישראל

די זון האָט צווישן וואָלקנס שווערע זיך באַוויזן,<br>
אַן אָנגעכמורעטע פאַרוואונדערט שטייט די וועלט ;<br>
געשיכטע וויגט דאָס וויגעלע פאַרגאַפּט און קוועלט :<br>
— אַ בן־זקונים עופּעלע צווישן פעלקער־ריזן.

עס שטייען פעלקער־ברידער אָנגעברוגזטע און צערנען :<br>
— עס שטייט אין קאָן אַ גאָלדענע ירושה — דער פּלאַנעט ;<br>
נאָר הערט, דאָס עופּעלע, דאָס בן־זקונימל, האָט זיך צערעדט,<br>
און רופט אַוועקצוזעצן זיך אין מיטן דרינען תורה לערנען.

איז לאָמיר אויפמישן ; וואָס לאָזט עס אונדז צו הערן ? —<br>
— „דער הימל איז פאַר גאָט, און פאַר דעם מענטש די ערד, —<br>
אין פרידן ווערט דאָס מינדסטע ווערימל גענערט,<br>
געוואַרימט פון דער זון, באַלויכט פון שטערן״.

אַן אַלט געזאַנג, נאָר יונג איז דער באַדייט ;<br>
איז אפשר טאַקע, האַ, איז אפשר צייט ?

אהרן ניסענזאָן

# מיין שטאָט ירושלים

כ׳וועל בויען דיך, מיין גאָלדענע שטאָט,
מיין שטאָט ירושלים,
צוזאַמען מיט מיין אַלטן גאָט
אי דיך, אי זיך באַנייען.

ער איז דאָך דורות לאַנג מיט מיר
אויף וועגן וועלטס געשטאָרבן,
ביי יעדער שוועל און יעדער טיר
מיט מיר געבראַכט דעם קרבן.

נאָר וואָס מיינט טויט פאַר מיר און אים
ווען ס׳לעבן זינגט אונדז שירה,
ווען ס׳רופט און מאָנט אין בלוט די שטים
פון אייביקער יצירה.

ביסט מער ווי שטאָט, ביסט וועלטס געזאַנג,
וואָס טוט דעם מענטש באַפרייען;
כ׳וועל בויען דיך אויף אייביק לאַנג,
מיין שטאָט ירושלים.

א י ן  צ ד י ק ס  ט ר י ט

# אין טעג פון גאולה

שטעלט אָן די אויערן,
די הערצער שטעלט אָן, —
דורך טירן און טויערן
משיח קומט אָן.

פאַרנעם דאָס געריודער,
געפלאַטער, געבענטש,
מיין ליכטיקער ברודער
מיט צונאָמען מענטש.

דו האָסט מיך געפייניקט
צום טויט, אָן באַשייד;
נאָר איך האָב פאַרמייניקט
די פיין, און אַ פרייד

האָט שטענדיק געפלעמלט,
די פרייד פון גערעכט,
אפילו אויך דעמאָלט
אין לעצטן געפעכט,

אהרן ניסענזאָן

ווען דו האָסט געצישעט, —
אַ שלאַנג צווישן ווענט, —
דאָס האָב איך דיין רשעות
דאָס לעצטע פאַרברענט,

בשעת ס׳האָט געפלאַקערט
מיין גוף אויף דער ערד;
אַז קענען זאָל אַקער
פאַרבייטן די שווערד.

איצט הער, ווי עס שמידן
די שמידן עס אויס;
דאָס זיינען די אידן
פון געטאָ אַרויס, —

די אַלע פאַרברענטע,
פון ערדישער טיף,
געלאָזט אויף אָקרענטן
זיך קיין תל אביב,

און דאָרט אויפגעגאַנגען
אין געטלעכער שיין,

## אין צדיקס טריט

מיט נביאס געזאַנגען,
באַשטראַלטע פון פּיין,

מיט אמת דורכזיכטיק,
פון חלום גענערט,
צו שפּרייטן גאָטס ליכטיק
געבאָט אויף דער ערד.

פאַרנעם דאָס גערודער,
געציטער, געבענטש, —
מיין פּייניקער־ברודער,
מיט צונאָמען מענטש.

אהרן גיסענזאָן

# ביסט די אומגעריכטע דערשיינונג

אַז איך קוק זיך אַרום
און וויל באַנעמען דיין זין
קליינע, יונגע מדינה מיינע,
עופעלע פון דער צייט און געשיכטע,
פאַרנעם איך דאָס רוישן פון פליגלען,
דאָס זיינען די פליגלען פון דער צייט;
הער איך ווי עס בלאָזן ווינטן,
דאָס זיינען די ווינטן פון דער געשיכטע;
פיל איך אַ ליכטיקייט אויפגיין אין מיר,
דאָס איז די ליכטיקייט פון „יהי אור",
וואָס האָט באַלויכטן דעם מענטש
און אַנטפּלעקט אין אים דאָס פּנים פון גאָט
אויף אַלע צייטן און אַלע אייביקייטן.

הערט זיך איין איר פעלקער,
און פאַרנעמט בני־אדם:
— ישראל איז דער גאָלדענער פאָדעם פון גאולה
וואָס ציט זיך דורך פעלקערשאַפטן און לענדערייען,
און אַצינד טוט זיך עס באַנייען

## אין צדיקס טריט

אויף דעם פינטעלע ערד
פון וואַנען דער באַשעפער האָט צוריק מיט שש אלף שנים
געבויט די בריק, און זי באַגאָסן מיט ליכט פון זיין פנים,
צו זיין דערקענער — דעם מענטש.

אַ פּיצל ערד איז ישראל?
אָ, וואָס פאַר אַ טעות!
משמעות, אַז איר האָט ניט תופס געווען
דעם זין פון דער געשיכטע,
דאָס וואונדערלעכע געוועב
פון לעב און שטאַרב
פון שטאַרב און לעב,
וואָס ביידע זיינען זיי — אחד־סוד־יסוד־גאָט.

* * *

קום, זעץ זיך אַוועק ביי מיין זייט, געשיכטע,
בייזע, גוטע מאַמע געשיכטע,
און לאָמיר זיך פאַרשטיין:
— ווען דייך שפּראָצלינג איז נאָך געווען קליין
האָט ישראל אין אים אַריינגעשריגן דאָס צויבערוואָרט:
— געוויסן! —

א ה ר ן  נ י ס ע נ ז אָ ן

און אים איז געוואָרן ניט גוט,
גוואַלדיק ניט גוט, מוראדיק ניט גוט;
האָט ער, נאָכדעם ווי ער איז אונטערגעוואָקסן,
פּאַסן פון ישראל געריסן,
און זיך פאַרשיכורט מיט לאָגלען פון זיין בלוט.
און ישראל האָט בשעת מעשה געקוויקט זיך
מיט לאָגלען ענויים, מיט פולע,
געקלאַמערט אין שויס דיינעם, מאַמע,
מיט טויט זיך געהאַלדזט און געברידערט,
געשטאָרבן און אויפגעלעבט ווידער
מיט נייעם געזאַנג פון גאולה.

* * *

הערט ווי עס ווערט אַ לעגענדע באַשאַפן,
הערט ווי עס ווערט פון לעגענדע וואָר,
נאָך אַזויפיל און אַזויפיל יאָר.
עס דערציילן זי די דראָטלאָזע טעלעגראַפן,
עס קלאַפּן זי אויס די לינאָטיפּן,
עס ציטערן זי הערצער און ליפּן,
עס פאַרחתמענען זי די פרעס־מאַשינען:
— אַ פאָלק איז געשטאַנען ביים סיני,

## אין צדיקס טריט

גענומען דעם עול פון אַ תורה
וואו ס׳האָט זיך צעזונגען דאָס לעבן
אין אַלע געשטאַלטן און פאַרבן,
און האָט זיך געשוואוירן, אָן מורא,
צו לאָזן בן־אדם עס אַרבן;
און אויב עס וועט קומען לית־ברירה,
איז אויפשפּילן עס דורכן שטאַרבן
פאַר גאָט און פאַר וועלט אין די אויגן,
ביז ס׳וועט דער בן־אָדם זיך בויגן
פאַר שיינקייט, וואָס איז ניט צו מאָלן,
וואָס איז ווי די זון אין פרימאָרגן
אויף שפּיצן פון בערג און אין טאָלן.

* * *

גריכן, רוימער, אָדער ווער איר זאָלט ניט זיין,
איר האָט געפונען אַ מאָס מיט וועלכער צו מעסטן פּיין,
איר האָט געפונען אַ מאָס מיט וועלכער צו מעסטן פרייד,
אַ מאָס אויף צו מעסטן לעבן און טויט.
וואָס ווייסט איר פון פּיין און וואָס ווייסט איר פון פרייד?
פרעגט דעם, וואָס האָט געפונען דעם סוד,
פרעגט דעם, וואָס דער סוד איז געוואָרן יסוד

## אהרן ניסענזאָן

פון זיין זיין, פון זיין פיין, פון זיין פרייד, פון זיין טויט,
וואָס ער האָט מיט געבאָט פון אחד
אין איינער פון צייטס אַזאַ שעה
אַ זינג געטאָן:
— טויט, ביסט ניטאָ! —

* * *

פון דור צו דור האָט ישראל געזונגען
דאָס דאָזיקע געזאַנג פון אַנטפלעקן,
ער האָט אַנדערש ניט געקענט ווי נאָר וועקן
דאָס פינטעלע מענטש אינעם מענטשן
און הייליקן עס און עס בענטשן
מיט ציטער פון „שמע״ און מיט ווידוי,
מיט גופים צעשטראַלטע פון יידן,
אַז ראוי בן־אָדם זאָל ווערן
גאָטס קול צו פאַרנעמען און הערן.

* * *

צוואַנציקסטער יאָרהונדערט,
געבוירענער אין אומגליק און וואונדער,
פאַרטונקטער און בלוט און משיחות,
וועסט ציען די קייט פון דיין יחוס

## אין צדיקס טריט

פון טאָג, ווען אַ פּשוטע עדה
האָט די תפילה פון קינדער און זיידעס
באַהעפט מיט עלעקטרישע דראָטן
וואָס האָבן דער וועלט זי געטראָגן,
דער פינצטערער נאַכט פון געשיכטע
אין פשוטן לשון געבאָטן:
— אין מזרח הויבט אָנעט צו טאָגן.

* * *

אין מזרח גייט אויף די זון,
אין מזרח איז אויפגעגאַנגען גאָט,
אין מזרח גייט אויף ישראל,
דער געיאָגטער, דער געפּייניקטער גואל,
אין יאָרהונדערט פון וואונדער און גאולה;
זיינע בעכערס מיט פיין זיינען פולע
ביז צום ברעג;
אַצינד וועט ער ווייזן דעם וועג
צו דעם אָנהייב פון אַ ניי קאַפּיטל
וואָס ער האָט אין טלית און קיטל
אויסגעטראָגן, אויסגעפּייניקט,
אויסגעלעבט און אויסגעשטאָרבן

א ה ר ן   ג י ס ע נ ז אָ ן

פאַר די אויגן פון דער וועלט ;
אַצינד גייט פון מזרח אויף און העלט
ווי ביי מעשה בראשית
מיט געציטער און געבענטש
פאַר די אויגן פון דער גאָרער וועלט
דאָס צייטיק־ווערנדיקע קאַפּיטל : מענטש —

---

אַז איך וויל באַנעמען דיין זין,
דיין זין, ישראל,
הער איך, ווי דער נביא פון אַמאָל,
דאָס קול פון גאָט און דער געשיכטע :
— ביסט די אומגעריכטע
דערשיינונג אין פעלקער־ספּעקטאַקל
ביים אָנהייב פון סוף פון די טעג,
דער סך־הכל פון גרויסן געראַנגל, —
צו צינדן דעם וועג
צום אייביקן, צום גלייביקן,
צום עכטן, צום גערעכטן
חלום :
— לעבן און שלום.

# וואוהין האָט איר דערפירט די וועלט ?

וואוהין האָט איר דערפירט די וועלט,
איר ווערטער־פאַרגוואַלטיקער,
זשאָנגלירער מיט אַבסטראַקטע באַגריפן
ווי שיינקייט, קונסט, אמת, ליבע און ענלעכע —

שיינקייט פאַר וועמען ?
קונסט צוליב וואָס ?
אמת פון וואָס
און ליבע פאַר וועמען ?

קומט אַרונטער מיט מיר
און לאָמיר נעמען אַ שפּאַציר
אין אַ הינטער־געסל פון דער וועלט,
איבער אַ שליאַך פון דער וועלט,
אפשר וועט איר זיך
פאַר אייערע אייגענע ווערטער
פאַרשעמען.

## אהרן ניסענזאָן

ווי שיין איז אַ צעריסן קינד
פון אַ באָמבע ?
און אַ מענטש אין אַ קאַלך־אויוועז
אַ פאַרברענטער, ווי שיין ?

פאַרברענט דאָס וואָרט אייערס,
קעפט אים ווען ער באַווייזט זיך,
ס׳איז צייט ניט פאַר וואָרט,
נאָר פאַר ערלעך געוויין.

אויב ס׳איז אייך נאָך פאַרבליבן אַ האַרץ,
קוקט אין איר אַריין,
וועט זי אייך ווייזן
וואָס איז געווען,
און וואָס עס וואָלט
באַדאַרפט צו זיין.

איר האָט געשילדערט
אַ זון־פאַרגאַנג
אין די העלסטע פאַרבן ;
באַזונגען די שיינקייט

א י ן צ ד י ק ס ט ר י ט

פון צייטיקע גאַרבן;
באָר דעם מענטש
וואָס זאָל עס באַוואונדערן,
האָט איר אַוועקגעשיקט
שטאַרבן.

און שיינקייט איז — לעבן,
און קונסט איז — לעבן,
און אמת איז — לעבן,
און ליבע איז — לעבן.

הערט אויף זוכן גאָט,
אין אַלע ווינקעלעך
איז ער דאָ,
און אין יעדער רגע
פון איעדער שעה.

ווישט אָפּ דאָס גאָלד־שטויב
פון אַרום אייער האַרץ,
און פון נישטיקן כבוד־שטויב
מאַכט זי ריין,

א ה ר ן  ג י ס ע נ ז אָ ן

און לאָזט אין איר אַריינשטראָמען
דאָס שטילע געוויין
פון עפר,
וואָס איז געוואָרן לייב;
און איינגעטיילט זיך
אויף מאַן־און־ווייב;
פון עפר ואפר,
וואָס רופט זיך מענטש.

און איר וועט דערהערן
אין בלוט אַ רוף;
און איר וועט וויסן
פאַר וואָס ס׳האָט גוף
געקענט זיך
צו גאָט דערהויבן,
און שטאַרבנדיק
אים לויבן.

וואָרום טמא איז גוף
אָן אָט יענעם געזאַנג,
און די טעג —

אַן אויסגעהוילטע זאַנג;
און די נעכט —
כאָטש אין גלוסטיקן באַריר —
ווי דאָס פּוסטע וואָרט
אויף גלאַטן פּאַפּיר.

וואָס איז אמת? —
דאָס טויטע קינד,
דער פאַרפּייניקטער איד,
וואָס מיט אים שפּילט דער ווינט.

וואָס איז שיינקייט? —
די שוואַנגערע פרוי
וואָס זויגט איר עופּעלע
פרימאָרגן־טוי.

וואָס איז ליבע? —
דער איד
אין דער שעה
ווען אין טלית און תפילין
גייט באַגעגענען יה.

## א ה ר ן  ג י ס ע נ ז אָ ן

וואָרום דאָס קינד
און דער איד
און די טויטע פרוי,
האָבן שטאַרבנדיק
לעבן געוואָלט אַזוי!

און אמת איז — לעבן,
און שיינקייט איז — לעבן,
און ליבע איז — לעבן.

די אויערן עפנט אויף
און הערט זיך איין,
די אויגן — און קוקט אין פנים
פון טויט אַריין:
און לאָזט אים באַרירן
אייער הויט,
(וואָרום לעבן איז רגע,
און אייביק איז טויט!)
און לאָזט אים אַדורכדרינגען
אייער בלוט, —

(וואָרום טרויער איז אייביק
און פרייד — אַ מינוט!)

און אַז נאָכדעם דאָס וואָרט
וועט אויפגיין אין אייך,
וועט עס זיין ווי זון
אויף אַ לויטערן טייך,
און ווי דאָס פרישע
פרימאָרגן־רויט,
מיט אַלע פאַרבן
פון לעבן און טויט;
מיט אַלע ריחות
פון ערד און פון ווינט,
מיט פרישקייט
פון ערשט־געבוירענעם קינד;

און דער מענטש וועט עס אָטעמען
ווי לופט אַריין
און וויסן, אין זין
פון אייגענעם זיין,

אהרן ניסענזאָן

די פּיין פון פרייד
און די פרייד פון פּיין;

און ער וועט וויסן
אַז גאָט איז אין אים,
און אין פּשטות פון לעבן
הערן זיין שטים;

און קלאָר וועט אים ווערן
זיין אייגענער גאַנג
(דורך אַ וועלט מיט טרויער
און אַ וועלט מיט געזאַנג)
צום ליכטיקן לעבן,
צום ליכטיקן טויט,
(דורך נאַכטיקן חושך
און מאָרגיקן רויט)
אין צייט־רוים
פאַרעקשנט און גלייביק,
(וואָרום לעבן, ווי טויט,
איז אייביק!)

א י ן צ ד י ק ס ט ר י ט

# איך, דער טרויעריקסטער פון אייך אַלע

גרויסע צעזונגענע פעלקער,
גרויסע טרויעריקע פעלקער,
פעלקער רייכע און מאַכטיקע,
הערשער, רעגולירער פון שעהן,
שעהן טאָגיקע און נאַכטיקע,
באַהערשער פון דאָרטנס און דאַנענס,
פון ערד און פון ים און פון סקאַלע, —
איך — דער טרויעריקסטער פון אייך אַלע,
אַז אסור, אויב איך בין אייך מקנא.

איר האָט פאַרכאַפּט די זון און דעם עטער,
די קאָסע, די האַק און דעם אַקער;
און מיר איז פון שייטער דער פלאַקער
געבליבן, צו ברענען די געטער,
וואָס איר האָט צעשטעלט אויף די וועגן,
וואָס איר האָט אין טעמפּלען צעהאַנגען,
אַז איר זאָלט — כאָטש ווייט אינעם שפּעטער —
דערקענען גאָטס ליכטיקן רעגן,
פאַרנעמען זיין טוי פון געזאַנגען.

א ה ר ן   נ י ס ע נ ז אָ ן

אַז איך בין ביים באַרגפוס געשטאַנען,
דאָס קול זיינס געהערט אינעם פייער,
זיין פּנים געזאנט אינעם דאָרן,
האָב איך בעת מעשה פאַרשטאַנען:
— איך בין צווישן פעלקער דער פרייער;
און איך האָב אַ שבועה געשוואָרן:
— צו ברענען אַזוי ווי דאָס פייער
אויף אַלע, אויף אייביקע יאָרן,
און צינדן גאָטס ליכטיקן נאָמען,
מיט וואָרט זיינס דאָס לעבן באַפאַרבן,
און קוקן דעם טויט אינעם פּנים,
און שטאַרבן — און קיינמאָל ניט שטאַרבן.

ס׳איז גוט אייך אין נעסט פון משפּחה
צו וואַרימען, כאָוועץ דאָס לעבן;
און מיך אויף דער צוואַנגברעט געבראָכן,
און לעפּעלעך טויט מיר געגעבן;
נאָר איך האָב דעם סוד אויסגעפונען
אין לעבן דעם טויט צו פאַרוואַנדלען,
און פאַר מיינע קינדער געזונגען

## אין צדיקס טריט

פון ציגעלעך, ראָזשינקעס, מאַנדלען,
פון קידוש השם און פון קרבן,
און זעט — איך בין נאָך ניט געשטאָרבן.

איר ציילט אייערע יאָרן אין ציפער;
איך צייל זיי — פון אייביק ביז אייביק;
דאָס עופּעלע מיינס — ערשט געבאָרן,
ווייס— לעבן, פון ציפער איז טיפער —
איז שירה — פון דאָרן געוואָרן,
פון שטיין — אַ געזאַנג פאַר די דורות,
און רחמים — פון ברויזיקן צאָרן,
צו לייכטן — אַזוי ווי מנורות,
פון אייביק ביז אייביק ביז גלייביק,
אַז ס׳זאָל זיך די ערד ניט פאַרשעמען
פאַר אייערע מעשים און קלעמען,
און אָפּקערן ס׳פּנים פון לעבן,
וואָס גאָט ברוך הוא האָט געגעבן.

גרויסע, טרויעריקע פלעכטער
פון עפּאָס, סאָנעט און באַלאַדע,

פון העלדנגעזאַנג און פון רונעס ;
גרויסע, טרויעריקע שעכטער
פון עופעלעך, זקנים און אומות ;
ס׳איז קלאָר אייער וועג און אַ גראַדער,
מיט פּאָמפּ, מיט פּאַראַד און מיט טרונעס
צום אייביקן טויט און פאַרגעסן. —
נאָר איך — ניט איך טאָג וואו איך נעכטיק
אין מיינע געיאָגטע מעת־לעתן ;
דאָס לעבן מיינס — קוים וואָס עס טליעט ;
מיין עפּאָס — דער האַרציקער פּיוט ;
מיין קיום־באַלאַדע איז — שדי.

אָט גייען מיר אויס מיינע כחות,
אָט שווינד איך אין גאָרנישט אין ווייטן, —
נאָר אָט טוט אַ פלאַקער אַ שייטער —
און איך — מיט מיין נאַקעטן דלות,
פאַרוויקלט אין שם — ווי אין טלית —
מיט רייניקייט און מיט פּרוכת,
צינד אָן זיך — ווי זון טוט אין פרילינג,
און ס׳גייט אויף א יונגינקער צווילינג

פון פייער, אויף אַלעמענס וואונדער,
און יעדער פאַר זיך — אַ באַנייער —
נעמט שפּאַנען דורך ערד און דורך ימען;
און טרעפן זיך ביידע צוזאַמען,
גייט גאָט אויף אין ליכטיקן שמייכל,
און נידערט אַראָפּ פון זיין היכל,
נעמטביידן פאַר הענטלעך — ווי קינדער,
ברענגט מיר — אַ מתנה צו געבן:
— דעם ליכטיקן טויט און דאָס לעבן, —
און קושט מיין צעזוניקטן שטערן,
אַזוי ווי אַ טאַטע, אַ פרומער:
— וועסט מערן — ווי זאַמד און ווי שטערן, —
געבענטשט זיי, מיין ליכטיקע אומה.

גרויסע צעזונגענע פעלקער
אויף ערד — פול מיט וואָרצלען און שטאַמען;
ס׳קען ערד אייערס פוילן פון רעגן,
און טריקענען אָן אַ טראָפּ וואַסער;
נאָר איך האָב — כדי איך זאָל וואַקסן —
מיין זריעה צעשפּרייט אויף די ימען,

א ה ר ן  נ י ס ע נ ז אָ ן

צעוואָרפן אויף גאָרער וועלטס וועגן,
און — וואונדער, אָ וואונדער, זעט וואונדער —
ס׳האָט קערנדל — יעדער באַזונדער —
אין לופט ממש וואָרצלען געשלאָגן,
און גייט אויף צוגלייך מיט פאַרטאָגן,
און גלייך מיט פאַרנאַכטן גייט אונטער —
אַזוי־אָ פון אייביק ביז אייביק,
פון אייביק ביז אייביק ביז גלייביק.

איז כאָטש מיינע עופעלעך שטאַרבן
ביי אייך אונטער שאַרף פונעם מעסער;
און כאָטש מיינע זקנים באַפאַרבן
מיט בלוט אייך די וויניקע פעסער,
מיט קרעכץ — אייער סעודה מהנה;
איז מיר אָבער טויזנט מאָל בעסער,
און אָסור — אויב איך בין אייך מקנא.

# ליכט און פינצטערניש

האָסטו אַ טראַכט געטאָן אַמאָל,
האָסטו זיך אָפּגעשטעלט און געטאָן אַ טראַכט,
אין אַ רגע, וואָס לויטערט מיט זון,
צי אין אַ רגע, וואָס פינצטערט מיט נאַכט,
וועגן אָט די צוויי פשוטע עלעמענטאַרע פאַרבן,
וואָס אויף אונזער אָרימען לשון
זינגט דאָס איינע אויס: לעבן!
און עס זינגט דאָס צווייטע אויס: שטאַרבן!

ביידן האָב איך זיי אַרויסגעצויגן
אין אַ געבענטשטער מינוט
(פון דמיון צי פון בלוט)
בשעת אין דער געשטאַלט פון מענטש,
צי אין דער געשטאַלט פון אַף,
האָב איך געהערט געשרייען אין מיר:
— באַשאַף! —

וואָס זאָל איך באַשאַפן?
— וואָרט! —

### א י ן צ ד י ק ס ט ר י ט

וואָרט פון וואָס ?
— פון טרויער, פון פרייד,
פון זון און פון ווייב,
פון לייב וואָס איז ערד
און פון ערד וואָס איז לייב.

טרויער, ווי אַזוי זאָל איך דיך שילדערן ?
ווי אַזוי זאָל איך דיך געשטאַלטיקן, פרייד ?
ערד, ווי אַזוי זאָל איך דיך בילדערן ?
וואו געפין איך פאַר דיר לייב אַ באַשייד ?
ווי קען איך די יסורים דיינע מילדערן
מיט מיינע שוואַכע און פשוטע רייד ?

זון, ווי זאָל איך לויבן דיין דערבאַרימקייט,
וואָס פון איר ווערט דאָס לעבן גענערט,
אַז אין היילענדן ליכט פון דיין וואַרימקייט
גייט אויף טויט צו פאַרשעמען די ערד.

ווי זאָל איך שילטן פאַרשילטן דיך, פינצטערניש,
אַז אין פרייד און יסורים פאַרוועבט,

## א י ן צ ד י ק ס ט ר י ט

אין געזאַנג, אין געוויין און אין הייליקייט
קוואַלט אַרויס פֿון דיר אַלצדינג וואָס לעבט.

וועל איך נעמען אייך אַלע, אַריינגעמען
אין מיין וואָרט, אין מיין בלוט, אין מיין טראָט,
און אייך לאָזן מיך פירן, דערפירן מיך
צו דער פשטות פון פשוטן גאָט.

א ה ר ן   נ י ס ע נ ז אָ ן

# אַלטער ניגון

אַלטער ניגון,
פון וואַנען דיין שְטאַם,
פון ערד,
צי פון ים ?
אַלצאיינס,
ס׳איז פון האַרץ, —
איך וועל דיך וויגן
אין וויגעלע לעבן,
אין וויגעלע טויט,
ביז דו
און איך
און גאָט
און די שטערן,
וועלן איין ליכטיק
ניגונדל ווערן.

האַרץ, ביסט פון וואַנען,
האַרץ, ביסט פון וואו ?
— פון קוואַל,

## א י ן צ ד י ק ס ט ר י ט

וואָס איז פרייד
און פון קוואַל,
וואָס איז טרויער ;
ס'האָט ניט דערפירט מיך
אין ערגעץ די רו,
האָב איך צעעפנט
די טיר און דעם טויער,
און זיך געבעטן
ביים שטורעם :
— קום דו,
הייל מיך מיט טרויער
און הייל מיט יסורים.

הערסטו פון טיפעניש
אויפגיין מיין רוף ?
— פרייד פון פאַרגיין,
צי די פיין פון געבערן ?
דאָס האָט דאָך דאָס האַרץ,
מיט געזאַנג און געוויין,
דעם ניגון געצונדן,

א ה ר ן נ י ס ע נ ז אָ ן

אַז גאָט זאָל דערהערן
און בענטשן די רגע
ווען ס׳האָט זיך מיין גוף
אין הייליקן ברית
מיט דער ערד זיך פאַרבונדן.

איצט הער איך ווי קלאָרקייט
גייט אויף פון מיין שטאַם:
— כ׳בין ערד
און כ׳בין ים
און כ׳בין אוראַלטער ניגון,
און טו זיך אין פרייד
און אין טרויער פארוויגן
אין וויגעלע לעבן,
אין וויגעלע טויט,
ביז ערד
און ביז ים
איך, גאָט און די שטערן
וועלן איין ליכטיק
ניגונדל ווערן.

א י ן   צ ד י ק ס   ט ר י ט

# הייליק מיין שם

אַ מענטש,
ווען ער גייט אויף קידוש השם,
לעבט דורך אין דער רגע
די גרעסטע עקזאַלטאַציע;
ווי אַנדערש
וואָלט ער זיך געקענט אַריבערזינגען
פון לעבן אין טויט אַריין?
אַזוי זינגט מאַן
אין זיין ליבע צו פרוי;
אַזוי זינגט פרוי
אין איר ליבע צו מאַן,
ווען זיי שפּאַנען אַריבער
דעם שפּאַן פון געדאַנק,
און דערגרייכן דעם קוואַל
פון געזאַנג;
— וואָס זינגסטו, מענטש,
אין קידוש השם?
— דאָס לעבן זינג איך

אוּן איך זינג דעם טויט;  
— וואָס איז לעבן  
אוּן וואָס איז טויט?  
— די גרעסטע פּיין  
אוּן די גרעסטע פרייד;  
אוּן אָט די ביידע  
באַהעפט אין איינס,  
איז יצירה, מיין גאָט,  
יצירה.  
— וואָס זינגסטו, מאַן,  
אין דיין ליבע צו פרוי?  
— וואָס זינגסטו, פרוי,  
אין דיין ליבע צו מאַן?  
מיר זינגען דאָס לעבן,  
מיר זינגען דעם טויט,  
די גרעסטע פּיין  
אוּן די גרעסטע פרייד, —  
עס זינגט, מיין גאָט,  
די יצירה.

## אין צדיקס טריט

— ליבע, וואָס ביזטו ?
—קידוש השם ;
— טויט, וואָס ביזטו ?
— קידוש השם ;
— קידוש השם, וואָס ביזטו ?
— ליבע און טויט.
הער ווי איך זינג זיי,
מיין גאָט, און פאַרנעם,
אין פרייד פון לעבן,
צי טויטלעכן קלעם ;
און הייליק מיין שם,
ווי איך טו הייליקן דיינעם.